# דיא וועלט־אויסשטעלונג

## אין טשיקאַגאָ אין 1893.

---

### וואס איז אַ וועלט אויסשטעלונג?

יעדער מענש, וואס האט אין זיין לעבען ניט געזעהן קיין וועלט־אויסשטע־לונג און האט ניט געלעזען פון קיין וועלט אויסשטעלונג, וועט זיך געוויס שטעלען דיא פראגען: וואס איז א וועלט־אויסשטעלונג? צו וועלכען צוועק מאכט מען א וועלט־אויסשטעלונג? וואס פאר א נוצען ברענגט א וועלט־אויסשטעלונג?

איך וועל אייך דערצעהלען אין קורצע ווערטער דיא געשיכטע פון וועלט־אויסשטעלונגען, וועלכע וועט אליין געבען אן אנטווארט אויף דיעזע אלע פראגען.

דער ערשטער געדאנק צו מאכען אן אויסשטעלונג איז געקומען אין קאָפּ פון נאפּאלעאן דעם ערשטען. ער האט געמאכט דיא ערשטע אויסשטעלונג אין פּאריז אין 1798. ער האט געבעטען דיא פאבריקאנטען פון אלערליי סחורות, זיי זאלען אריינשיקען מוסטער פון זייערע סחורות. דער פאבריקאנט, וועמעס סחורה וועט זיין בעסער, וועט בעקומען א מעדאיל.

עס האבען זיך אפּגערופען הונדערט מיט צעהן פאבריקאנטען, וועלכע האבען אריינגעשיקט זייערע סחורות. דאס פאלק איז געקומען זעהן. מען האט בעטראכט דיא סחורות און מען האט געאורטהיילט, וועמעס איז בעסער.

דיעזע ערשטע קליינע אויסשטעלונג איז אזוי געפעלען דיא פראנצויזען, אז זיי האבען אנגעהויבע צו בעטען, מען זאל וויעדער מאכען אויסשטעלונגען, אבער שוין ניט נור פון סחורות, זאנדערן אויך פון פּרוכטען, תבואות און אנדערע זאכען. נאַ־פּאָלעאן האט געמאכט אזעלכע אויסשטעלונגען אין 1801, 1802 און 1806. אויף דער אויסשטעלונג פון 1806 האבען שוין מעהר אלס טויזענד פאבריקאנטען געשיקט זייערע סחורות און זייערע פּראָדוקטען.

פון יענער צייט אן האבען זיך אנגעהויבען אויסשטעלונגען אין יעדער לאנד. אלע האבען אנגעהויבען צו פערשטעהן דעם נוצען פון אן אויסשטעלונג. אלע האבען איינגעזעהן, אז אן אויסשטעלונג מאכט בעקאנט דער וועלט דעם נאמען פון'ם פאבריקאנט מיט זיינע סחורות. יעדער פאבריקאנט האט יעצט געבעטען, אז מען זאל מאַכען אן אויסשטעלונג, וואו ער זאל קענען וויזען א וועלט מענשען זיינע סחורות און זיינע פּראדוקטען.

יעדער קרעמער דארף האבען סחורות. ער וויים אבער ניט, וואו זיי צו קויפען. ער קען ניט וויסען, אז ערגעץ אין א קליין שטעדטעל געפינט זיך א פאבריק, וועל־

בע מאכט דיזעלבע סחורה בעסער און בילינער. אויף דער אויסשטעלונג איז ער געוואהר געווארען פון'ם פאבריקאנט, האט געזעהן זיינע סחורות און איז בעקאנט געווארען מיט זיינע פרייזען.

דאס איז געווען דיא ערשטע אידעע פון אן אויסשטעלונג. דיא ערשטע אויס־טעלונגען זיינען געווען נור פון דיא פאבריקאנטען פון איין לאנד. באלד אבער האבען דיא מענישען אויסגעפונען, אז דאס איז ווענינ. דער מענש קען זעהן דיא סחורות און פראדוקטען נור פון זיין לאנד. פיעללייכט אבער זיינען דא אין אנדערע לענדער בעסערע סחורות און בעסערע פראדוקטען? לאמיר זעהן, וואס עס טהוט זיך אין אנדערע לענדער? — מען מוז מאכען א וועלט־אויסשטעלונג. אלע פאבריקאנטען פון דער גאנצער וועלט זאלען אריינשיקען זייערע סחורות און זייערע פראדוקטען, זאלען זיי אויסשטעלען און ווייזען דער וועלט.

און ניט נור סחורות און פראדוקטען, זאנדערן אלעס, וואס קען זיין דעם מענישען ניצליך אדער אנגענעהם, זאל מען אויסשטעלען אויף דיא מבינות פון דער וועלט.

דאס איז געווען דער ערשטער געדאנק פון א וועלט אויסשטעלונג. דיזען גרויסען געדאנק האבען אויסגעפיהרט דיא פראנצויזען אין 1867. אויף דער וועלט אויסשטעלונג אין פאריז אין 1867 האבען צוויי און פערציג טויזענד פאבריקאנטען פון 25 לענדער אריינגעשיקט זייערע סחורות און זייערע פראדוקטען קיין פאריז. צוויי און פערציג טויזענד ארטיקלען האט מען אויסגעשטעלט אויף דיא מבינות פון דער וועלט.

אבער אויף דערמיט איז נאך דער מענש ניט צופריעדען געווען. עס איז איהם וועניג געווען צו זעהן דיא ארטיקלען אליין. ער האט געוואלט זעהן, וויא מען מאכט זיי, וואס פאר אינסטרומענטען און מאשינען מען געברויכט, ווען מען מאכט זיי און וויא פיעל צייט עס נידרויערט, ביז מען מאכט זיי.

מען האט געפאדערט, אז יעדער פאבריקאנט זאל אריינשיקען א קליינע פאבריק און זאל ווייזען דיא וועלט, וויא אזוי ער מאכט זיינע סחורות.

אזא וועלט־אויסשטעלונג האט שטאטגעפונדען אין וויען אין 1873 און אין פילאדעלפיא אין 1876. אויף דער וועלט־אויסשטעלונג אין פילאדעלפיא האבען זעכציג טויזענד מענשען פון 37 לענדער אריינגעשיקט זייערע פראדוקטען.

דער מענש, וואס האט געזעהן דיא וועלט־אויסשטעלונג אין פילאדעלפיא, האט געקענט האבען א פאלשטענדיגען בעגריף פון אלע צווייגען פון'ם מענשענס וויסען און קענען.

אבער אויך דערמיט איז דער מענש נאך ניט צופריעדען געווען. ער וויל זעהן מיט דיא אויגען, וויא דיא מענשען לעבען אין אנדערע לענדער, וואס זיי עסען,

וויא אזוי זיי געהן אנגעטהאן און מיט וואס זיי פערברענגען דיא צייט. ער וויל וויסען, וויא אזוי רעגיערונגען פיהרען זייערע געשעפטען, וויא אזוי מען מאכט מטבעות (געלד) און וויא אזוי זיי זארגען זיך פאר דיא מענשען, וועלכע לעבען אונטער זיי.

דיעזע אויפגאבע וועט לעזען דיא וועלט־אויסשטעלונג אין טשיקאגא אין 1893. מען קען זאגען פאר זיכער, אז דאס וועט זיין דיא גרעסטע וועלט־אויסשטעלונג, וואס איז געוועזען ביז אהער. זינד דיא וועלט שטעהט איז נאך אזא אויסשטעלונג ניט געוועזען.

דערווייל האבען שוין 78 פעלקער צוגעזאגט אנטהייל צו נעהמען אין דיעזער אויסשטעלונג. מעהר אלס הונדערט טויזענד ארטיקעל זיינען שוין דא אויף דער אויסשטעלונג. קעניגע און פירסטען פון דיא ווייטעסטע לענדער אין דער וועלט שיקען גאנצע קאלאניען פון זייערע אונטערטהאנען מיט זייערע הייזער, מיט זייערע אינסטרומענטען און מיט אלע זייערע הויז געשיר.

דער ווילדער קעניג פון דאהאמע אין אפריקא, מיט'ן נאמען בעהאנזין, שיקט אייניגע פון זיינע פרויען סאלדאטען (אמאזאנען). דיא מאארי, א ווילדעס פאלק אין ניי זעעלאנד, שיקען א גאנץ דארף מענשען מיט פרויען און קינדער.

מען וועט קענען זעהן, וויא דיא מאארי לעבען אין זייערע געצעלטען, וואס זיי עסען און וויא זיי געהן אנגעטהאן;

פון לאפלאנד קומט אן א גאנצע קאלאניע לאפלענדער מיט הירשען (רענג־טהיערע) איינגעשפאנט אין זייערע שליטענס.

שוועדען און נארוועגען שיקט א גאנץ דארף שוועדישע בויערן, וועלכע וואינען אין דיא קאלטסטע געגענדען פון דער וועלט. מען וועט קענען זעהן, וויא זיי לעבען, וואס זיי עסען און וויא אזוי זיי פערברענגען דיא לאנגע ווינטער נאכט, וועלכע גע־רויערט ביי זיי גאנצע דריי מאנאטע.

אלע ווילדע פעלקער פון נארד אמעריקא, אפריקא און אויסטראליען וועלען זיך געפינען אויף דער טשיקאגאער וועלט־אויסשטעלונג מיט זייערע געצעלטען, מיט זייערע פרויען, מיט זייערע קינדער און מיט זייער גאנצע ווירטהשאפט.

אויף דער טשיקאגאער וועלט־אויסשטעלונג וועט מען קענען זעהן, וויא יעדע רעגיערונג שלאגט אויס מטבעות, וויא זיא מאכט דאס געלד. מען וועט זעהן, וויא אזוי אין יעדעס לאנד נעהמט מען אויף פרעמדע אויף דער גרענעץ. מען וועט פאר־שטעלען, וויא אזוי מען נעהמט אויף עמיגראנטען, ווען זיי קומען קיין אמעריקא און וויא אזוי מען נעהמט זיי אויף אין אנדערע לענדער.

זאגאר דער פאפסט, דער הייליגער פאטער אין רוים, איז פעראינטערעסירט מיט דער וועלט־אויסשטעלונג. ער האט אריינגעשיקט פיעלע אנטיקען, וואס געפי־

נען זיך אין זיין פאלאץ (וואטיקאן). מען זאגט, אז ער ווײט ארײנשיקען אײניגע פון דיא גאלדענע און זילבערנע כלים, וועלכע טיטוס האט צוגענומען פון בית המקדש אין ירושלים און וועלכע געפינען זיך אין רוים. — איך גאראנטיר אבער ניט, אז דאס איז וואהר.

דאס לאנד עקוואדאר, אין זיד אמעריקא, וועט אויסשטעלען דעם פאלאץ פון דיא אינקא׳ס, דיא קעניגע, וועלכע האבען געהערשט, ווען מען האט צום ערשטען מאל ענטדעקט אמעריקא.

דאס לאנד ניקאראגוא וועט אויסשטעלען אלטע זאכען, וואס מען האט אויסגעגראבען פון דער ערד. דארונטער וועלען זיך געפינען אײניגע גאלדענע סטאטוען.

יעדער שטאאט פון דיא פעראײניגטע שטאאטען ווערט אויסשטעלען עטוואס בעזאנדערס. דער שטאאט מאנטאנא ווערט אויסשטעלען א שטיק גאלד, אזוי וויא מען האט עס אויסגעגראבען פון דער ערד, וואס איז ווערטה 23 טויזענד דאללאר.

דער שטאאט ניו יארק האט זיך א בעזונדערע געביידע, וואו עס ווערט אויס־געשטעלט ווערן, וויא דער שטאאט ניו יארק האט אויסגעוויזען מיט דריי הונדערט יאהר צוריק, וועלכע פעלקער האבען דא געוואינט און וויא אזוי זיי האבען געלעבט.

דאס אלעס איז געוויס ווערטה צו זעהן. דאס איז זעהר שווער צו בעשרייבען און עס ווערט דעם לעזער וועניג נוצען, ווען איך זאל עס בעשרייבען.

דער צוועק פון דיעזעס בוך איז צו געבען מײנע לעזער א בעגריף פון דיא גרויסע געביידען, וואו עס זיינען אויסגעשטעלט אלערליי פראדוקטען און אלערליי זאכען, וואס זיינען ניצליך פאר מענשען און מאכען זיין לעבען אנגענעהם.

דאס קען מען שוין בעשרייבען. איך וועל מיך בעמיהען צו געבען מײנע לעזער א פאלשטענדיגע בעשרייבונג פון יעדעס געביידע, וועלכעס ער ווערט געפינען אין דיעזעס בוך. איך וועל בעשרייבען, וואס דארט געפינט זיך און וואס עס איז ווערטה צו זעהן.

ווער עס ווערט האבען דיא געלעגענהייט צו זיין אויף דער וועלט־אויסשטע־לונג, דעם ווערט דיעזעס בוך ניצען אלס פיהרער און וועגווייזער; ווער עס ווערט ניט קענען זיין אויף דער אויסשטעלונג, דעם ווערט דיעזעס בוך בעקאנט מאכען מיט אלע וויכטיגסטע און נעטהיגסטע זאכען, וואס וועלען זיך געפינען אויף דער אויס־שטעלונג, ווייל ער ווערט געפינען אין דיעזעס בוך דיא צייכענונגען פון אלע הויפט געביידען און א גענויע בעשרייבונג פון אלע וויכטיגע ארטיקעל, וואס וועלען אויס־געשטעלט ווערן אויף דער אויסשטעלונג.

איך האף, אז מײנע לעזער וועלען צופריעדען זיין מיט דיעזען בוך, וועלכעס ווערט זיי פערשאפען פערגניגען און אויפקלערונג צוגלייך.

# דאס אינדוסטריע געביידע, מאנופאקטור געביידע.
# The Manufacturers Building.

דאס אינדוסטריע געביירע איז דאס גרעסטע געביידע אין דער גאנצער אויס־שטעלונג. עס האלט 1,687 פוט דיא לענג און 787 פוט דיא ברייט. עס האט ארום זיך פיעלע קליינע פּאוויליאָנס, אדער קליינע זאַלען און צימער. דאס געביידע מיט דיא פּאוויליאָנס ארום בעדעקט א שטיק פּלאַץ פון 40 קוואדראט עקער לאנד.

פון אלע פיער זייטען געפינען זיך פיער גרויסע פּאוויליאָנס, וועלכע זיינען דיא טויערן צו דער הויפּט געביידע, אדער הויפּט זאַל.

אינעווייניג געפינט זיך א גרויסע גאַלערעע, 50 פוס דיא ברייט, וועלכע ציעהט זיך ארום אלע פיער ווענט פון דער הויפּט געביידע. דיעזע גרויסע גאַלערעע הייסט „קאָלומביא עווענוי."

דרייסיג וועגען מיט שעהנע, ברייטע טרעפּ פיהרען פון דעם הויפּט זאַל צו דער גאַלערעע אדער קאלומביא עווענוי.

פון דיעזער גרויסע גאַלערעע קען מען קומען אין 86 קלענערע גאַלערעען, אין וועלכע עס זיינען אויסגעשטעלט קליינע פאבריקען, וואו עס ווערן געמאַכט פאר דיא אויגען פון'ם בעזוכער אלערליי סחורות.

איך וויל געבען מיינע לעזער נור א קליינעם בעגריף פון דיא סחורות, וועלכע זיינען דארט אויסגעשטעלט און ווערן דארט געמאַכט.

1) אלערליי כעמישע ארטיקעל, וואס ווערן געברויכט אין דער מעדיצין און אלער־ליי אפּטהעק ארטיקעל.

2) אלערליי טואַלעט ארטיקעל, וויא זייפען, פּערפיומען, שמעקענדיגע אייזען, שמע־קענדיגע עקסטראַקטען. עקסטראַקטען פאר סאדא וואסער און סעלצער וואסער.

3) אלערליי פייערווערק ארטיקעל.

4) פּולווער, דינאַמיט, פּיסטאָנעס, פּאַטראָנעס און אלע ארטיקעל, וועלכע ווערן בענוצט צו ברעכען שטיינער.

5) פארבען, טינטען און קאלירען.

6) פּאַפּיער, אלערליי סארטען פּאַפּיער: שרייב פּאַפּיער, פּאָסט פּאַפּיער, וויעקעל פּאַפּיער, פּילטריר פּאַפּיער, קלעק פּאַפּיער, סיגאַרעטען פּאַפּיער, זיידען פּאַ־פּיער און וויא זיי ווערן געמאַכט.

7) שרייב מאַשינען (טייפּרייטער). פּעדערן, בליישטיפטע, ווירעס (רולערס) און אלערליי ביכער.

8) מעבעל און ווירטהשאפט'ס ארטיקעל.

שטוהלען, קאַנאַפּעס, ראקינג טשערס, עס־טישען, ביליארד טישען, קארטען טישען, שרייב טישען און אלערליי אנדערע סארטען מעבעל.

9) שפיגעל. וויא זיי ווערן געמאכט און וויא מען פאסט זיי איין.
10) גאנצע צימער, וועלכע זיינען אויסמעבעלירט יעדער נאך אנאנדער פלאן.
11) פארצעליי און שטיין ארטיקעל.
אלערליי געשיר פון פארצעליי און שטיין, טעפ, טעלער, שיסלען; וויא אויך פיגורען פון שטיין, פארצעליי, לעהם און טעררא קאטא.
12) ציגעל און מאטעריאלען צום בויען הייזער.
13) מארמאר און אלע מעגליכע זאכען, וואס ווערן געמאכט פון מארמאר.
14) קינסטליכע מעטאל ארבייט.
בראנז ארבייט, דראטה ארבייט, פיגורען פון בראנז, קופער און ניקעל.
15) גלאז און אלערליי גלאז ארבייטען.
שויבען גלאז, שפיעגעל גלאז, פלעשער גלאז, גלעזערנע רעהרען. געשליפענע גלאז זאכען. גלאז קאראלען, גלאז פערל, גלאז דזשולערי.
16) שניצערייען.
געשניצטע ארטיקעל פון האלץ. געשניצטע ארטיקעל פון עלעפאנט ביין, געשניצטע ארטיקעל פון באמבוק און געשניצטע ארטיקעל פון מעטאל.
17) גאלד און זילבער געפעס.
גאלדענע און זילבערנע לעפעל, מעסער, גאפעל, טעלער, טעצלעך, זאלצ־מעסטלעך, קערבעלעך און אנדערע כלים, וועלכעמען געברויכט אין א ווירטהשאפט.
18) הויז ווירטהשאפטס זאכען פון אנדערע מעטאלען, בעדעקט מיט גאלד אדער מיט זילבער. ארטיקעל פון מעש, קופער און ניקעל.
19) דזשולערי, דיאמאנטען, בריליאנטען און טהייערע שטיינער.
אלע טהייערע שטיינער, איינגעפאסט אין גאלד, זילבער, פלאטינא און אנדערע טהייערע מעטאלען. בריליאנטען, רובינען, סאפירען, סמאראגדען, טאפאזען, אפאלען און אלע טהייערע שטיינער, וויא זיי ווערן געטראגען אלס ציערונג.
20) פאלשע שטיינער, נאכגעמאכטע בריליאנטען און האלב טהייערע שטיינער.
21) אוהרען און אוהרמאכעריי.
אלע סארטען אוהרען און דיא מאשינען און אינסטרומענטען, מיט וועלכע אוהרען ווערן געמאכט.
22) זייד און אלע ארטיקלען, וואס ווערן געמאכט פון זייד.
23) בוימוואל און אלע ארטיקלען וואס ווערן געמאכט פון בוימוואל (קאטאן).
24) פלאקס און האנף (קאנאפליעס) און אלע זאכען, וואס ווערן געמאכט פון זיי.
25) וואל און אלעס, וואס מען קען נור מאכען פון וואל.
26) דשוטע, רייםי און אזבעסט און אלע ארטיקעל, וואס ווערן פון זיי געמאכט.



The Manufacturers Building.

דאס אינדוסטריע, מאַנופאַקטור געביידע.

אזבעסט איז א סארט שטיין, פון וועלכען מען שפינט אויס פעדים און מען מאכט דערפון קליידער. עס האט אין זיך א זעלטענע איינענשאפט — עס ברענט ניט אין פייער. — גלאז פעדים און זאכען, וואס ווערן געשפונען און געוועבט פון גלאז פעדים.

27) פערטיגע קליידער.

דיעזע אבטהיילונג וויא איינינע אנדערע זיינען זעהר גרויס און פערנעהמען מעהרערע גאלערעען.

28) רויכווארג, פוטער ווערק.

29) האר פון מענשען און חיהערע און אלע ארטיקלען, וואס ווערן געמאכט פון האר. אלערליי ארטיקעל, וועלכע בארבער געברויכען פאר דיא האר.

30) רייזע ארטיקעל.

געצעלטען, רייזע בעטען, רייזע שטוהלען, רייזע קאסטענס, רעגנצלעך, סעטשעלעך, פאקעטבוקס, פארטפעלען, פארטמענעס. שטעקענס און רעגענשירמע.

31) גוטאפערטשא און קויטשוק ארטיקעל (רובבער גודס).

32) שפיעלצייג און זאכען פאר קינדער.

33) לעדער און אלע ארטיקעל, וואס מען מאכט פון לעדער.

לעדער פון אליגאטארס, פון קרעטען, טשערעפאכעס, פון פיש פון שלענג און פון קענגורו פעל. פארמעט.

34) מאסען און געוויכט.

אלערליי סארטען וואגשאלען און געוויכט. אלערליי סארטען מאסען.

35) הייצונגס ארטיקעל און קאך ארטיקעל.

לאמפען, אויוועגס און לאנטערנען.

36) קריעג און יאגד ארטיקעל.

ביקסען, פיסטאלעטען, רעוואלווער, שווערדען, שפיעזע, מעסער, קאנאנען, מיטראליעזען, און אלע זאכען, מיט וועלכע מען קען פערניכטען דאס לעבען פון מענשען און טהיערע.

---

## דאס גארטען בוי געביידע.

## The Horticultural Bnilding.

דיעזעס געביידע האלט 1000 פוס דיא לענג און 250 פוס דיא ברייט. אין דער מיט געפינען זיך צוויי הויפען (יארדס), וואוּעס זיינען אויסגעשטעלט אלערליי ביימער, בלומען און גראזען. עס געפינען זיך טייכען און פאנטאנען פאר דיא גראזען און פפלאנצען, וועלכע וואקסען אין וואסער.

אין דיעזעם געביידע זיינען אויך דא גאלערעען, אין וועלכע עס זיינען אויס-




The Horticultural Building.

דאס גארטען בוי געביידע.

געשטעלט פיעלע ארטיקעל, מייסטענס אבער געפינען זיך אין דיעזע גאלערעען קאפע סאלונען און רעסטאָראַנס.

דער נאמען פון דיעזעס געביידע איז גאַרטענבוי, דאס הייסט, אלעס, וואס וואקסט אין א גארטען, וואס ווערט געזעעט אין א גארטען און וואס עס ווערט געפלאנצט אין א גארטען.

דער לעזער וועט האבען א פאָלשטענדיגען בעגריף פון דיעזעס געביידע, ווען ער וועט לעזען פאלגענדע ליסטע פון דיא זאַכען, וועלכע זיינען דא אויסגעשטעלט:

1) דער וויין שטאָק, וויא ער וואקסט, וויא אזוי מען דארף איהם בעארבייטען און וויא אזוי מען דארף איהם אפהיטען. וויא אזוי מען מאכט אלערליי סארטען וויין: רויטען וויין, ווייסען וויין, שעררי וויין, פאָרט וויין, מאַדערא וויין און שאמפאַניער וויין.

2) גאַרטען פריכטע: עפּעל, בירנען, פלוימען, קירשען, אפריקאסען, באנאנעס, אנאנאסען, (פיין עפּעל), פייגען, טייטלען, איילבירטען (מאסלינעס) און אלע ארטיקלען, וואס מען מאַכט פון זיי.

3) בלומען. אלערליי בלומען, וואס זיינען נור דא אויף דער וועלט. וויא אזוי מען זעעט זיי און וויא אזוי זיי וואקסען.

4) קיכען ארטיקעל: מעהרען, ריבען, רעטיך, ציבעלעס, קנאָבעל, באהנען, טאמיי־טעס, אוגערקעס, וואטער מעלאנען, קארטאפעל און אלע אנדערע זאַכען, וואס מען געברויכט צום עסען.

5) ביימער, וועלכע דיענען אלס ציערונג. זיי האבען שעהנע בלומען, וועלכע שמע־קען אדער דיא בלעטער אליין שמעקען.

לעבען דיעזער געביידע געפינט זיך א גרויסער פלאץ, וואו עס זיינען אויס־געשטעלט אלערליי בהמות, וועלכע זיינען ניצליך דעם מענשען:

1) פערד, עזלען און מוילעזלען.

2) קיה און אקסען.

3) ציעגען, קעמלען, ליאמאס, אלפּאַקאָס און גואַנקאָס.

4) שווייגע.

5) הינט.

6) קעץ, האזען, קאַנינכען (קראָליקעס).

7) פייגעל.

8) אינזעקטען. בלוט ענגעל (פּיאווקעס), ווי זיי לעבען און ווי אזוי מען דארף ארום זיי ארומגעהן. ביענען און וויא אזוי מען דארף ארום זיי ארומגעהן. שפאנישע פליעגען, אמייזען (מוראשקעס) און אלע ניצליכע און שעדליכע אינזעקטען.

9) ווילדע חיות, וועלכע זיינען נור דא אויף דער וועלט.



The Government Building.

דאס רעגיערונגס געביידע.

## די רעגיערונגס געביידע.

## The Government Building.

דאס איז אויך איינע פון די גרעסטע און שעהנסטע געביידען פון דער וועלט-אויסשטעלונג, עס האלט 420 פוס די לענג און 350 פוס די ברייט. עס איז אין גאנצען געבויט פון אייזען און גלאז און קאסט פיער הונדערט טויזענד דאללאר.

אין דיעזעס געביידע קען מען זעהן די גאנצע מאשינע פון דער אמעריקאנישען רעגיערונג. מיר געפינען דא:

1) די פאסט אפיס.

אלעס, וואס קומט פאר אין פאסט אפיס. וויא אזוי מען נעהמט אויף בריעף, וויא אזוי מען עקספעדירט זיי; וויא אזוי מען פערשיקט זיי אין אלע געגענדען, בעזאנדערס אין וויטע ערטער, וואו עס איז נאך ניט קיין אייזענבאהן.

וויא אזוי מען דרוקט פאסטמארקען (פאסט סטעמפס), וויא אזוי מען לייםט (קלעעט) זיי; וויא אזוי מען פערשיקט זיי. דאן אלע געשעפטען, וואס קומען פאר אין פאסט אפיס.

2) די טרעזשורי — די שאצקאמער (קאזנאטשייסטווא).

דא קען מען זעהן, וויא מען שלאגט אויס דאס אמעריקאנישע געלד, וויא מען מאכט מטבעות פון שטיקער גאלד, זילבער און ניקעל. וויא אזוי מען צעהלט דאס געלד, וויא אזוי מען וועגט דאס אפ און וויא אזוי מען היט עס אפ אין דער שאצקאמער.

מען קען ווייטער זעהן, וויא מען דרוקט דאס אמעריקאנישע פאפיער געלד, וויא מען נומערירט זיי, וויא מען פערשרייבט זיי אין א בוך.

וויא אזוי די ביכער ווערן געפיהרט. וויא אזוי מען קען אלעס וויסען און אלע זאכען, וואס געהערן זיך אן מיט'ן פינאנס מיניסטער.

3) דאס קריעגסט מיניסטעריום.

דא קען מען זעהן אלעס, וואס קומט פאר אין קריעגס מיניסטעריום, וויא אויך אלע זאכען, וואס דאס קריעגס מיניסטעריום האט אויפגענומען צו פערטהיידיגען דאס לאנד אין פאל פון א קריעג.

4) דאס יוסטיץ מיניסטעריום.

דא קען מען זעהן אלעס, וואס געהערט זיך אן מיט געריכטע און וויא אזוי אלע געשעפטען וועגען אפעלאציאנען און שטרייטיגקייטען ווערן געפיהרט.

8) דאס מיניסטעריום דעס אויסערן (מיניסטערסטוואָ אינאָסטראַנייך דיעל).
דאָ קען מען זעהן, וויא אלע געשעפטען פון אמעריקא מיט פרעמדע לענ־דער ווערן פערהאנדעלט. וויא מען נעהמט אויף עמיגראַנטען אין אמעריקא און זעהר פיעל אנדערע זאכען, וואס געהערן צו דיעזען מיניסטעריום.

## דאס פישעריי געביידע.

## The Fisheries Building.

דאס איז איינע פון דיא שעהנסטע געביידען פון דער וועלט־אויסשטעלונג. עס איז 1.100 פוט דיא לענג און 200 פוט דיא ברייט. אין דער מיט פון דעם גרוי־סען זאל געפינט זיך א גרויסער באסיין אדער רעזערוואואר פול מיט וואסער, וואו עס געפינען זיך אלערליי פיש, מייסטענס גאלד און זילבער פיש. אין דער מיט פון׳ם רעזערוואואר הייבט זיך אויף א קינסטליכער שטיין, ארום וועלכען עס וואקסען אלערליי וואסער בלומען און וואסער פפלאנצונגען. פון אלע זייטען שפריצט וואסער, גיעסט זיך וואסער און בעגיסט און בעשפריצט טויזענדער סארטען פון ביימער, ביימעלעך און גראזען, וועלכע וואקסען נור לעבען וואסער.

פון דעם גרויסען טייך אדער וואסער רעזערוואואר אין דער מיט ציעהען זיך וועגען צו 10 אנדערע טייכען אדער גרויסע גלעזערנע קאסטענס, אין וועלכע עס געפינען זיך אלערליי פיש, וועלכע זיינען נור דא אויף דער וועלט. אין יעדען פון דיעזע קלענערע וואסער רעזערוואוארס געפינען זיך פון 7 טויזענד ביז 27 טויזענד גאלאנען וואסער.

ווען מען געהט ארויס פון׳ם געביידע, קומט מען אין א גרויסען קאָרידאָר, וואו פון ביידע זייטען זיינען אויסגעשטעלט גרויסע גלעזערנע קאסטענס פול מיט מעער וואסער, וואו עס געפינען זיך אלערליי פיש סארטען און טהיערע, וועלכע קענען לעבען נור אין מעער וואסער.

דאס מעער וואסער האט מען פריהער געקאכט אין קעסלען, ביז עס איז גע־ווארען געדיכטער און שטארק געזאלצען. יעדע 100 גאללאן מעער וואסער, האט מען אזוי לאנג געקאכט, ביז עס איז געבליעבען פון זיי נור 20 גאללאן. דיעזע 20 גאללאן האט מען געבראכט קיין טשיקאגא און מען האט צו זיי צוגעמישט 80 גאללאן פריש וואסער פון׳ם זעע (אָזיערא) מישיגען.

אויף אזא ארט האט מען אנגעפיהלט דיא גלעזערנע קאסטענס (אקוואריען) מיט מעער וואסער און מען האט דארט אריינגעלאזען טהיערע און פיש סארטען, וועלכע קענען לעבען נור אין מעער וואסער.

אין דיא רעזערוואוארען, וואו עס זיינען אויסגעשטעלט נור דיא פיש און

טהיערע, וועלכע לעבען אין געזאלצענעם וואסער, געפינען זיך 80 טויזענד גאללאן געזאלצענעס וואסער. אין דעם גאנצען פישעריי געביידע געפינען זיך 144 טויזענד גאלאנען וואסער, וועלכע האבען א געוויכט פון 600 טאָן אדער 1,192,425 פונט.

דיא פישעריי-איז איינע פון דיא וויכטיגסטע זאכען פון דער אויסשטעלונג. זיא ווייזט אונז ניט נור דיא סארטען פיש און טהיערע, וועלכע זיינען ניצליך פארן מענשען, זאנדערן אויך, וויא אזוי זיי צו מאכען ניצליך. וויא אזוי צו בעהאנדלען דיא פיש צוכט (מאכען א זאוואָד פון פיש).

דיא אמעריקאנישע רעגיערונג האט זיך שוין לאנג בעשעפטיגט מיט דער פראגע, וויא אזוי מען זאל דערציעהען פיש, זיי האלטען אין אבגעשלאסענע טייכען און לאזען זיך זיי פערמעהרען. צו דיעזעם צוועק האט זיא געמאכט א פיש סטאציאָן אין וואודהאל. דארט בעשעפטיגען זיך געלערנטע מענשען מיט דער פראגע, וויא אזוי צו בעזארגען דאס לאנד מיט פיש אין פאל, ווען עס זאל אין א יאהר ניט געראטען דער פיש פאנג, אדער ווען איינגע גוטע סארטען פיש זאלען פערשווינדען: מען זאל זיי אין גאנצען אויספאנגען.

דיא געלערנטע שטודירען דעם כאראקטער פון דיא פיש, וויא זיי לעבען, פון וואס זיי גענעהרען זיך און וויא אזוי זיי פערמעהרען זיך. דערביי מאכען זיי פראבען צו ברענגען סארטען פיש, וועלכע געפינען זיך ניט אין אמעריקא און קלימאטיזירען זיי היע אין לאנד.

דאס אלעס וועט מען קענען זעהן אויף דער טשיקאגאָער אויסשטעלונג.

איך וויל יעצט ברענגען א קורצען אויסצוג פון דיא זעלטענע זאכען, וועלכע זיינען אויסגעשטעלט:

1) שוואמען, קאראלען און אלע סארטען פאליפען.

2) אויסטרען, קלעמס און אלע לעבעדיגע זאכען, וועלכע לעבען צווישען צוויי שיסעלעך (מושלען).

3) קרעטען (טשערעפּאכעס), וואסער שלענג, וואסער ענדישען (איידעקסען), פרעש און דערגלייכען.

4) אלערליי אינסטרומענטען, מיט וועלכע מען פאנגט פיש און אנדערע וואסער טהיערע.

5) וויא מען זאלצט פיש; וויא מען טריקענט פיש; וויא מען רייכערט פיש; וויא מען פערפּאקט פיש אין בלעך שאכטלען.

6) פיש פּראדוקטען. רויג, קאוויאר (איקרע). פיש אייל, פיש טראהן, פיש ליים (פיש קלעע).

7) מושלען. וויא מען מאכט פערלמוטער און אלערליי פערציערונגען פון פערלמוטער.




The Fisheries Building.

דאס פישעריי געביידע.

17.

## דאס וואַלד געביידע (פאָרסטוועזען געביידע).

## The Forestry Building.

דאס איז א זאנדערבארע געביידע. דער דאך העננט אין דער לופט. ארום און ארום געהט אן ארט באלקאן, אדער וועראנדא, מיט הילצערנע זיילען. יעדער זייל איז פון אנאנדער סארט האלץ. אויף יעדען זייל איז אנגעשריעבען, וואס פאר א האלץ דאס איז, וואו עס וואקסט און צו וואס עס קען געברויכט ווערן.

זאנאר דער דאך איז געמאכט פון פערשיעדענע האלצען און רינדען (קאָרע) פון פערשיעדענע ביימער. דיא פענסטער זיינען אויך צוזאמענגעשטעלט פון פערשיעדענע האלצען. אייניגע ווינקלען פון דיעזער געביידע זיינען צוזאמענגעשטעלט פון סארטען האלץ, וועלכע קומען פון גאנץ ווייטע לענדער, וויא אזיען, אפריקא און אויסטראליען. לעבען אזעלכע סארטען האלץ געפינען זיך דיא פאהנען און דיא וואפען (געווער) פון דיא לענדער, פון וואנען דיעזע סארטען האלץ קומען.

אין דער געביידע קען מען זעהן פאָלגענדע ארטיקעל:

1) אלערליי פראָדוקטען פון האָלץ: ברעטער, קלעצער, זיילען, פלעקער, שינדלען און דערגלייכען.

2) פערציערונגס האלץ: פאניערען, ראזענהאלץ, סאנדעלהאָלץ, מאהאגאָני האָלץ, עבענהאלץ, אטלאס האָלץ און אלע אנדערע טהייערע סארטען האָלץ, וועלכע ווערן געברויכט צו פערציערן מעבעל און הויזווירטהשאפט.

3) פארב האלץ. אלע סארטען האלץ, וועלכע ווערן געברויכט צום פארבען, וויא בראזיליען־האָלץ, קאמפעבא־האלץ. — אינדיגא, סומאַק און אנדערע פאַר־בען, וועלכע קומען פון האלץ אדער פון גראזען.

4) רינדען (קארע) פון ביימער. קאָרק רינדע, אקאציע רינדע און פיעלע אנדערע.

5) גומי און הארץ (פעך, סמאָלע), וועלכע מען בעקומט פון ביימער. גומי אראַ־ביק, גומי טראגאקאנטהע, גומי קאָפאַל, גומי דאמאר, גומי מיררהע. גוטא־פערטשאַ (רובבער), קויטשוק און אלע סארטען וואקס, וועלכע מען בעקומט פון ביימער און פפלאנצען.

6) מעדיציינישע האלצען, ווארצלען און רינדען (קאָרע) פון ביימער און פפלאנצען. דיעזע אבטהיילונג איז זעהר גרויס און איז זעהר אינטערעסאנט פאר דאק־טוירים און אפאטהעקער.

7) ראהר און באמבוק און אלע זאכען, וואס מען פלעכט אויס פון זיי: בעסקעטס, זיץ פון שטוהלען, שטעקענס און דערגלייכען.




The Forestry Building.

דאס וואַלד געביידע (פארסטוועזען געביידע).

# דיא עלעקטרישע אַבטהיילונג.

# The Electrical Building.

דיא עלעקטרישע אבטהיילונג איז איינע פון דיא שעהנסטע און מערקוויר־דיגסטע געביידען פון דער טשיקאגאער וועלט־אויס־שטעלונג.

זיא איז 700 פוט דיא לענג און 345 פוט דיא ברייט. אין אלע פיער זייטען ערהעבען זיך הויכע טורעמס מיט קיילעכדיגע דעכער (קופּאָלען).

פיער גרויסע, ברייטע וועגען פיהרען דעם צושויער אויפ'ן צווייטען שטאק, וואו עס געפינען זיך גאלערעען, אויף וועלכע עס זיינען אויס־געשטעלט אלערליי אר־טיקעל פון דיא נייעסטע ערפינדונגען אין עלעקטריציטעט.

פון איין זייט געביידע צו דער אנדערער ליעגען צוויי גרויסע בריקען.

אין דיא פערשיעדענע גאַלערעען זיינען אויסגעשטעלט:

1) מאשינען, וועלכע ערקלערן דיא עלעקטרישע קראפט: מאגנעטע, עכטע און קינסטליכע, בעשטענדיגע מאגנעטען און שטיקער אייזען, וועלכע מען קען מא־בען פאר מאגנעט, ווען מען וויל.

2) אלערליי דראטהען, וועלכע פיהרען דיא עלעקטרישע קראפט.

3) עלעקטרישע מאָטארען, מאשינען, וועלכע וויזען, וויא דיא עלעקטרישע קראפט דרעהט רעדער פון מאשינען און וואגאנעס.

4) מאשינען, וועלכע וויזען, וויא אזוי דיא עלעקטרישע קראפט לייכטעט.

5) עלעקטרישע עלעוועטארס, עלעקטרישע וואסער פומפען, עלעקטרישע פּרעסען און פיעלע אנדערע עלעקטרישע מאשינען.

6) עלעקטערישע שפּיעל צייג (טאָיס) און ניצליכע הויז ארטיקעל.

7) עלעקטערישע הייצונגס מאשינען. עלעקטערישע מאשינען צום שמעלצען אייזען און אנדערע הארטע מעטאלען.

8) גאלוואנא־פּלאסטישע מאשינען. עלעקטראטיפּיר מאשינען. עלעקטערישע מא־שינען צו צונעהמען גאלד, זילבער און אנדערע טהייערע מעטאלען, ווען זיי זיינען אויסגעמישט מיט אנדערע ביליגע מעטאלען.

9) טעלעגראפען. וויא טעלעגראמען ווערן אויפגענומען און אוועקגעשיקט. פּאָליציי טעלעגראפען און סיגנאלען. פייער סיגנאלען, אייזענבאהן סיגנאלען.

10) דער טעלעפאן, וויא ער ווירקט און וואס פאר א מאשינען עס ווערן געברויכט ביי איהם.

11) דער פאָנאָגראף, וויא ער נעהמט אויף דיא מענשליכע שטימע און גיט זיא שפּעטער איבער פּינקטליך.




The Electrical Building.
דיא עלעקטרישע אבטהיילונג.

21.

12) דער מעדיצינישער געברויך פון דער עלעקטערישער קראפט. אלע עלעקטערישע מאשינען, וועלכע ווערן געברויכט אין דער מעדיצין צו היילען פון קראנקהייטען.
13) דיא עלעקטערישע מאשין, וועלכע מען געברויכט צום טייטען פערברעכער.
14) עלעקטערישע פעדערן צום שרייבען.
15) דער געברויך פון עלעקטריציטעט אין דער פאָטאָגראפיע.

## דאס טראַנספּאָרט געביידע.

## The Transportation Building.

דיא טראנספארט בילדינג איז שעהן, עלעגאנט און זעהר רייך פערציערט. זיא האט דריי דעכער, איינער העכער פון׳ם אנדערן. פון איין דאך צום אנדערן געהן גלעזערנע וועגד.

הונדערטער עלעווייטארס ברענגען דעם צושויער אין דיא פערשיעדענע גאַלערעען, וואו עס זיינען אויסגעשטעלט אלע מאשינען און אינסטרומענטען, וועלכע ווערן געברויכט אום איבערצוטראָגען אדער איבערצופיהרען א זאך פון איין ארט צום אנדערן.

אין דיעזע גאלערעען קען מען זעהן פון א קינדער וועגעלע (בייבי קערידזש) ר ; דעם גרעסטען ריעזען לאָקאָמאָטיוו, וועלכער פיהרט א צוג פון הונדערטער וואַגאָנעס.

דער הויפט איינגאנג איז א גרויסע ארקע, רייך פערציערט, וועלכעס הייסט דיא גאלדענע טהיר. אינוועניג געפינען זיך אלערליי טרעפ און טעררא־סען, וואו מען קען זיך זעצען אפּרוהען אדער בעטראכטען דאס פובליקום.

פון אלע זייטען געפינען זיך קלענערע טהירען און טויערן, פערציערט מיט סטאַטוען און פאנטאנען.

דאס איז דאס רייכסטע געביידע אין דער גאנצער אויסשטעלונג.

אין דיא פיעלע גאלערעען קען מען זעהן:

1) אייזענבאהנען. וויא מען בויט זיי. וויא מען האלט ריין דעם וועג; וויא מען רייניגט אפּ דעם שנעע; וויא מען פערזארגט דיא מאשינען מיט וואסער. אייזענבאהן סטאַציאָנען אין אמעריקא און אנדערע לענדער. אייזענבאהן בריקען, טונעלען און דיא מאשינען, וועלכע מען ברויכט צו גראבען טונעלען.
2) אייזענבאהן וואגאנעס פאר פּאסאזשירען און פאר דיא פּאָסט. וואגאנעס, וועלכע דיענען אלס שלאף צימער, אלס עס־צימער, אלס גאסט צימער. וואגאנעס פאר דיא אייזענבאהן בעאמטע.
3) וואַגאָנעס, אין וועלכע מען פיהרט אלערליי וואארען. וואגאנעס פאר בהמות, וואַגאָנעס פאר ווילדע חיות, וואגאנעס פאר וואסער טהיערע און לעבעדיגע פיש.




The Transportation Building.

דאס טראַנספּאָרט געביידע.

4) דיא פערוואלטונג פון אייזענבאהן. דיא קאסא און וויא אזוי זיא ווערט קאנ־טראָלירט. — טיקעטס: וויא אזוי זיי ווערן געדרוקט, געצעהלט, פערקויפט און קאנטראלירט. — פראַכט: וויא מען פערשיקט וואארע, וויא מען נעהמט זיא אויף און וויא מען פערשיקט זיא.

5) שטראסען באהנען, פערד באהנען, קייבעל באהנען, עלעקטערישע באהנען.

6) אייזענבאהנען אויף הויכע בערג.

7) געוועהנליכע וועגען. פאַרמער וועגען, עקספרעס וועגען. אמניבוסען פאר פיקניק און פערגנינגען פאַרטיען.

8) קארעטעס און אלערליי טהייערע עקיפּאַזשען.

9) שליטענס, שנעע שיך, שנעע שיפען און אלע אנדערע סארטענס שליטענס צו פאהרען אויף שנעע אדער אייז.

10) אלערליי וועגען, וועלכע ווערן געשלעפּט ניט פון פערד און ניט אויף רעלסען. סטים וועגען און עלעקטערישע וועגען.

11) וועגען און וועגעלעך פאר קראנקע און שוואכע מענשען. קינדער וועגעלעך (בייבי קערידזשעס). אמבילאנס וועגען, טויטען וועגען.

12) בייסיקלס, טרייסיקלס, וועלאָסיפּעדס און אלעס, וואס געהערט דערצו.

13) וויא מען שיקט בריעף דורך רעהרען.

14) לופטבאלאָנען, שטעהענדיגע און פליעהענדיגע.

15) שיפען, באָאָטע. גרויסע דאמפף שיפען און קליינע פּיזרגנינגען יאכט שיפען.

16) שיפען, באָאָטע, קאנאָעס, לאָדקעס, שאלופען און יאליקען פון ווילדע פעלקער פון אמאליגע צייטען און פון אונזער צייט.

---

## דיא אקערבוי האללע.

## The Agricultural Building.

דיעזעס געביידע האט נור איין עטאזש. עס איז 800 פוט דיא לענג און 500 פוט דיא ברייט. דער דאך איז א פלאכער, נור ביים ארייננאנג הייבט זיך אויף א גלעזערנער קופּאָל, וועלכער איז 130 פוס דיא הויך.

פון אלע זייטען קען מען זעהן דיא מאשינען און אינסטרומענטען, וועלכע ווערן געברויכט צו בעארבייטען דיא ערד.

אין אלע פיער זייטען געפינען זיך פּאַוויליאנס פון צוויי עטאזשען. אין איינינע פון דיעזע פּאוויליאנס וועלען געלערנטע מענשען אין דער צייט פון דער אויסשטע־לונג האלטען פארלעזונגען איבער אקערבוי, וויא אזוי עס איז בעסער צו בעארבייטען דיא ערד און וויא אזוי מען דארף האלטען דיא בהמות, וועלכע נוצען צום אקערבוי.



The Agricultural Building.

דאס אַקערבוי געביידע.

עס זיינען איינגעריכטעט זיצע פאר 1500 הונדערט מענשען.

אין אנדערע פאוויליאנ׳ס וועלען זיך געפינען רעסטאראנען און צימער פאר געסט.

אין דער הויפט געביידע קען מען זעהן:

1) ווייך און וויא אזוי עס ווערט בעארבייט. אלערליי סארטען וויין פון דער גאנצער וועלט.

2) מאאיס (טערקישער ווייץ).

3) האבער, גערשטען, קארן און רייז. וויא זיי וואקסען און וויא מען דארף זיי בעארבייטען.

4) היי און אלערליי גראזען, וועלכע ניצען פאר שפייז פאר בהמות.

5) אלערליי באהנען, ערבזען און אנדערע פריכטע, וועלכע וואקסען אין שויטען.

6) מעהל, גרויפען און אנדערע פריכטע אהן שאלעכין.

7) ברויט, קייק און אלערליי סארטען געבעקס.

8) שטערקע (קראכמאל), וויא עס ווערט געמאכט און פון וואס עס ווערט געמאכט. אלע סארטען שפייז, וועלכע ווערן געמאכט פון שטערקע, וויא סאגא, טאפיאקא, מאניאקא און ארראורוט.

9) צוקער. ריבען צוקער, ראהר צוקער. פאלם צוקער. מייפל צוקער. טרויבען צוקער און אלע סיראפען, פון וועלכע מען מאכט צוקער. וויא מען מאכט צוקער. וויא מען ראפינירט צוקער.

10) אלערליי ארטיקעל, וואס ווערן געמאכט פון צוקער: קענדי און קאנפעקטען.

11) קארטאפעל, זיסע קארטאפעל (סוויט פאטייטא׳ס), יאמס ווארצלען, מעהרן, ריבען, רעטיך, חריין, בוראקעס און ארטי״שאקען.

12) פינוטס. וויא מען זעעט זיי און וויא מען בעארבייט זיי.

13) בוימוואל, ווי עס וואקסט, ווי עס ווערט געזאמעלט און ווי עס ווערט געפאקט.

14) זיידען ווערים. וויא זיי מאכען זייד, מיט וואס מען פיטערט זיי און וויא אזוי מען דארף ארום זיי ארומגעהן.

15) וויין, ברענדי און וויסקי. וויא זיי ווערן געמאכט, פון וואס זיי ווערן געמאכט און וויא אזוי זיי ווערן גערייניגט.

16) געטרענקע, וועלכע ווערן געמאכט אין אנדערע לענדער, ניט אין אמעריקא, וויא ראם, סאקי, סאמשוה און פיעלע אנדערע.

17) מאלץ און געטרענקע, וועלכע ווערן געמאכט פון מאלץ, ווי: ביער, אייל און פארטער.

18) אלערליי מאשינען, וועלכע ווערן בענוצט אויף פארמס.

19) אלערליי סארטען אייל, איילבירטען אייל (פראוואנסער אייל), בוימוואל זאמען אייל, פאלם אייל, ראפס אייל, סעזאם אייל, ליינזאמען אייל און דערגלייכען.

20) זייף און אלע זייף ארטיקעל, וועלכע ווערן געמאכט פון פעטס אדער אייל.




The Art Palace.
דיא קונסט האַללע, דער קונסט פּאַלאַסט.

## דיא קונסט האַללע, אדער דער קונסט פּאַלאַסט.
## The Art Palace.

דיעזע האללע איז ניט גאנץ גרויס. זיא האלט נור 500 פוט דיא לענג און 320 פוט דיא ברייט. דער דאך איז פון גלאז. פיער גרויסע, שעהנע טהירען פיהרען אין דיעזע האלע. א גרויסע גאלערעע פון 40 פוס דיא ברייט ציעהט זיך ארום דער גאנצער געביידע.

פון דער גאלערעע קען מען אריינגעהן אין פיעלע גרויסע צימער, וואו עס זיינען אויסגעשטעלט אלערליי קונסט ארטיקעל.

אזוי וויא עס געפינען זיך אין דיעזער האללע בילדער און צייכנונגען, וואס האבען א גרויסען ווערטה — עס זיינען דא בילדער, וואס קאסטען 200 טויזענד דאללאר — איז דיא גאנצע געביידע געמאכט פון מאטעריאלען, וואס האבען קיין מורא ניט פאר פייער.

---

## דיא מאַשינען האַלל.
## The Machinery Hall.

דאס איז אויך איינע פון דיא גרויסע געביידען פון דער טשיקאגאער וועלט־אויסשטעלונג. זיא האלט 850 פוט דיא לענג און 500 פוט דיא ברייט.

מיט דיא געביידען ארום קאסט זיא א מיליאן צוויי הונדערט טויזענד דאללאר.

אין דיא גרויסע גאלערעען אין דער געביידע געפינען זיך וועגען, וואו דיא מאשינען שפאציערן ארום.

פאר דיא בעזוכער זיינען געבויט בעזונדערע פלאטפארמס, פון וואנען זיי וועלען קענען איבערזעהן, וויא דיא מאשינען ארבייטען און בעוועגען זיך.

דיא קראפט, וועלכע בעוועגט אלע מאשינען געפינט זיך אין א בעזונדער הויז לעבען דער מאשינען האללע. Power House.

אין דיעזער געביידע זיינען אויסגעשטעלט:

1) קעסלען און אלערליי מאשינען, וועלכע מאכען דעם גאז צו טרייבען מאשינען.
2) רעדער פון וואסער מיהלען, מאשינען, וועלכע ווערן געטריעבען מיט דער קראפט פון וואסער. וואסער פרעסען (הידראלישע מאשינען).
3) מאשינען, וועלכע ווערן געטריעבען דורך לופט, דאמפף (סטים) און גאז.
4) מאשינען, וועלכע גיבען איבער דיא קראפט פון וואסער, דאמפף און גאז פון איין ארט צום אנדערן.
5) מאשינען, וועלכע ווערן געברויכט אין דער ביערברויערייא. סאדא וואסער מאשינען, מאשינען צום אנגיעסען פלעשער, מאשינען צום פערקארקען פלעשער.



The Machinery Hall.

דיא מאַשינען האללע.

29.

6) אייזערנע רעהרען און העהנע (קראַנען).
7) מאשינען, מיט וועלכע מען לאזט זיך אראפּ טיעף אין מעער.
8) מאשינען צו מאכען אייז. קיהל מאַשינען, אייז באקסעס און רעפריזשעראַטארס.
9) פייער־לעש מאַשינען און אפּפּאראטען.
10) אלערליי געציינג, וועלכע ווערן געברויכט ביים מאכען מאשינען.
11) מאשינען, וועלכע ווערן געברויכט ביים בעארבייטען פון זייד.
12) מאשינען, וועלכע ווערן געברויכט ביים בעארבייטען פון בוימוואל (קאטאן).
13) אלערליי נעה מאַשינען, שטיק מאַשינען און עמבראָידערי מאשינען.
14) מאשינען, וועלכע ווערן געברויכט ביים בעארבייטען פון האָלץ.
15) מאשינען צום דרוקען. סטים פּרעס, האנד פּרעס, וואסער פּרעס שריפטזעצער מאַשינען. שריפטגוס מאשינען. מאַשינען צום דרוקען טיקעטס, עלעקטראָטיפּיר און סטערעאטיפּיר מאשינען. בוכבינדער מאַשינען און אלערליי מאַשינען, וועלכע ווערן געברויכט צום דרוקען.
16) פאָטאָגראפּיע. אלערליי מאַשינען און אפּפּאראטען, וועלכע ווערן געברויכט אין דער פאָטאָגראפּיע.
17) מאשינען, מיט וועלכע מען מאכט נאדלען, שפּילקעס (פּינס), קנעפּלעך און אנדערע קליינינקייטען.
18) מאשינען, וועלכע ווערן געברויכט ביים בעארבייטען פון עסענוואַרג.

---

## דיא פרויען אבטהיילונג.

## The Woman's Building.

דאס איז א נייעס. זייט עס האבען זיך אנגעהויבען אויסשטעלונגען און וועלט־אויסשטעלונגען, איז נאך קיינעם ניט איינגעפאלען, מען זאל אויסשטעלען אין א געביידע אלע זאכען, וואס דער פרויען פערשטאנד און פרויען קונסט קען מאכען.

איך בעט מיינע לעזער, זיי זאלען זיך גוט צוקוקען צו דיעזער געביידע. דעם פּלאַן פון דיעזער געביידע האט געמאכט א מעדכען, מיסס סאָפיא היידען — Miss Sophia G. Hayden. פאר דיעזען פּלאַן האט זיא בעקומען א פּרייז פון טויזענד דאללאר און מען האט איהר געגעבען דעם אויפטראג, זיא זאל זיין דער ארכיטעקטאר און זאל אויסבויען דיא גאנצע געביידע.

דיא גרעסטע ארכיטעקטארען פון אמעריקא און אייראפּא האבען בעטראכט מיט שטוינען און בעוואונדערונג דעם קונסטפאלען פּלאַן און דיא גאך קינסטליכערע אויספיהרונג פון'ם פּלאַן. זיי האבען געמוזט איינביינגען דעם קאָפּ און געשטעהן, אז מיס סאפיא היידען איז איינע פון דיא בעסטע ארכיטעקטארען אין דער וועלט. דיא גאנצע געביידע שטעהט האלב אויפ'ן וואסער און האלב אויף פעסטען




The Woman's Building.

דיא פרויען אבטהיילונג.

גרונד. זיא האלט 400 פוט דיא לענג און 200 פוט דיא ברייט. גרויסע טעראסען מיט בלומען און קליינע פערציערונגס ביימלעך פיהרען צו דער געביידע.

אין אלע פיער זייטען פון דער געביידע געפינען זיך פאוויליאנס מיט גרויסע, ברייטע באלקאנס. אויף דיעזע באלקאנס געפינען זיך העננענדע גערטנער.

אויפ'ן ערשטען עטאזש אין דיעזער געביידע אין דער רעכטער האנד זעהט מען א האָספּיטאל און אלע ארבייטען און בעשעפטיגונגען, וועלכע פרויען טהוען אין אזא האספיטאל.

אין דער לינקען זייט זעהט מען א קינדער גארטען און וויא פרויען געהן ארום קליינע קינדער, לערנען מיט זיי און ערציעהען זיי.

אויפ'ן צווייטען עטאזש קען מען זעהן, וויא א פרוי דארף איינריכטען איהרע צימער, וויא זיא דארף האלטען דיא קיך, דיא געסט צימער, דיא עס-צימער און דיא גאנצעווירטהשאפט פון א הויז.

גרויסע געלערנטע און וועלטקענער האבען געזעהן דאס געביידע און האבען אפען ארויסגעזאגט זייער מיינונג, אז דיא פרויען פון אמעריקא מעגען זיין שטאָלץ מיט דיעזער געביידע און מיט איהר גאנצער איינריכטונג, ווייל אלעס איז געמאַכט נור פון פרויען און ווייזט אונז, וויא דיא טהעטיגקייט פון א פרוי קען ברענגען דעם גרעסטען נוצען.

אין דיעזער געביידע קען מען ווייטער זעהן:

1) דיא ארדנונג אין דיא אמעריקאנישע שולען און וויא פרויען-לעהרערינען לערנען אונזערע קינדער.

2) אינוואלידען הייזער. שפּיטעלער פאר אלטע און שוואכע מענשען. א שפּיטאל פאר בלינדע, טויבע און שטומע. א שפּיטאל פאר אונהיילבארע קראנקע. א דול הויז אדער א שפּיטאל פאר משוגעים.

3) א וויזען הויז, וויא מען נעהמט אויף קינדער, וואס מען געפינט אויף דער גאס. א שפּיטאל פאר אינדיאנער — ווילדע אדער האלב ווילדע מענשען. —

4) א שולע פאר מעדכען, וואו מען לערנט זיי קאכען, וואשען און טהאן אנדערע פרויען ארבייטען.

5) אלע אינסטרומענטען און אפּפּאראטען, וועלכע ווערן געברויכט אין שולען.

---

## דיא בערג און היטען האללע.

## The Hall of Mines and Mining.

דיעזע געביידע איז 700 פוט דיא לענג און 350 פוט דיא ברייט. עס איז זעהר א שעהנע געביידע און איז זעהר רייך פערציערט. פון אלע פיער זייטען ציעהען זיך גאלערעען 60 פוט דיא ברייט, וועלכע זיינען בעלייכטעט דורך גרויסע פענסטער.




The Hall of Mines and Mining.

דיא בערג און היטען האללע.

אין דיזער געביידע קען מען זעהן אלעס, וואס דער מענש גראבט אר״ס פון דער ערד, וויא אזוי ער גראבט זיי ארויס, וויא ער ברענגט זיי ארויף פון דער טיעפעניש, וויא ער בעארבייטעט זיי און וואס ער מאכט פון זיי.

מען קען דארט זעהן:

1) ערד מעטאלען, ores, אדער אלע מעטאלען, וויא זיי געפינען זיך אין דער ערד.

2) אלע טהייערע שטיינער, וויא זיי געפינען זיך אין דער ערד, ניט געשליפענע דיאמאנטען, רובינען, טורקאאזען, און אנדערע טהייערע שטיינער.

3) שטיין קוילען און אלע אנדערע זאכען, וואס ניצען צום ברענען און הייצען.

4) אספאלט, בערנשטיין און אלע סארטען הארין (סמאלע), וועלכע ווערן אויס־געגראבען פון דער ערד.

5) קעראסין, פעטראלעאום, שטיין אייל, בערג אייל און אלע סארטען פעטס, וואס ווערן געמאכט פון מינעראלען.

6) געז. נאטירליכער געז. וויא מען קען איהם זאמלען און איהם בענוצען.

7) שטיינער. מארמאר און אלערליי האלב טהייערע שטיינער.

8) גראפיט און אלע זאכען, וואס מען מאכט פון גראפיט. וויא בליי־שטיפטען, טיגעל, פאליטור פאראויווענס און דערגלייכען.

9) אלערליי טהייערע [illegible]לעהם סארטען, פון וועלכע מען מאכט די טהייערסטע פארצעלייען און די כינעזישע פארצעלליי ארטיקעל. — מעער שום.

10) קאלך, גיפס, צעמענט און קינסטליכע שטיינער, געמאכטע שטיינער.

11) זאלץ, וויא עס ווערט געמאכט פון מעער וואסער אדער פון געזאלצענע טייכען.

12) שוועפעל, וויא מען געפינט עס אין דער נאטור אויסגעמישט מיט אנדערע זאכען.

13) פארבען און מעטאלען. צינאבער, אכרע, מיניום, קופער וואסער און אנדערע.

14) מינעראל וואסער, קינסטליכע און נאטירליכע.

15) גוס־אייזען ריינער אייזען, שטאהל. וויא מען גראבט עס אויס פון דער ערד וויא מען שמעלצט עס און וויא מען מאכט דערפון דיזע אלע ארטיקעל.

16) קופער. וויא אזוי מען געפינט עס אין דער ערד, וויא אזוי מען שמעלצט עס און וויא אזוי מען מאכט דערפון מעש, בראנז, טאמפאק און אנדערע זאכען.

17) צינן און בליי. וויא מען געפינט זיי אין דער ערד, און וואס מען מאכט פון זיי.

18) גאלד און זילבער. וויא מען גראבט זיי אויס, וויא מען וואשט זיי, וויא מען רייניגט זיי, וויא מען שמעלצט זיי און וואס מען מאכט פון פין זיי.

19) וויא אזוי מען גראבט קוילען פון דער ערד, וויא מען שלעפט זיי ארויף אויף דער ערד און אלע מאשינען, וועלכע ווערן געברויכט אין די קוילען גרובען.